„RADOMER-KIELCER LEBEN" ... [illegible] pocztowa uiszczono ryczałtem. פרייז 25 גראָשען פירטער יאָהרגאַנג

# ראַדאָמער-קעלצער לעבען


היינט 10 זייטן.

אדרעס
פון „ראַדאָמער-קעלצער לעבען"

Redakcja i Administracja
„Radomer Kielcer Leben"
Radom, Szwarlikowska 20.

*Oddział w Kielcach.*

אַנאָנסען פּרייז!
איין מילימעטער שורה: פאַר'ן טעקסט 20 גר.
„ „ אין „ 40
„ „ נאָכ'ן „ 18
די ערשטע און לעצטע זייט ענטהאַלטן 8 שפּאַלטען
אין טעקסט 4 „

ראַדאָם פרייטאָג יב' אלול תרפ"ז ◆◆ פאַר'ן אינהאַלט פון טעקסט און די אַנאָנסען איז די רעדאַקציע נישט פעראַנטוואָרטליך ◆◆ 9-go września 1927 r.


די געזעלשאַפט „אַוקסיליום אַקאַדעמיקום יודאַאיקום" און די יודישע טורן און ספּאָרט-געזעלשאַפט „בר-כוכבא" אין ראַדאָם
אָרדנען איין זונטאַג, דעם 11 סעפּטעמבער 1927 צום 8.30 אָוונט אין זאַל פון טעאַטער „ראַזמאַיטאָשטשי"

## אַ גראַנדיעזען קאָנצערט

## פון סימעאָן באַקמאַן

דעם טאַלאַנטפולען וויאָלין-קינסטלער, צוהערער איין דער מוזיק-אַקאַדעמיע אין ווין און תלמיד פון פּראָפ. סוועדקא, דעם ערשטען קאָנצערט-מייסטער פון דער ווינער אָפּערע
מיט'ן אנטייל פון פרל' רעגינא דען
ביים קלאַוויר — דער בעגאַבטער פּיאַניסט ה' מ. יפה

בילעטען צום פּרייז פון 1 זל. ביז 4 זל.
צו בעקומען פריער אין אַפּטייק-סקלאַד פון ה' סט. קירשיער (לובלינער 1) און אין טאָג פון קאָנצערט ביי דער טעאַטער-קאַסע פון 5 נ. נ.
בעמערקונג: נאָכ'ן אָנהויב פון קאָנצערט וועלען די טירען אין קאָנצערט-זאַל זיין געשלאָסען.

### פּראָגראַם:

**I.**

- BEETHOVEN — Romans F-dur (Bakman)
- MENDELSOHN — Concerto E-mol: „
  - Allegro apassionato „
  - Andante „
  - Allegro vivace „
- CZAJKOWSKI — Serenade Melancholique „
- ACHRON — Kołysanka hebrajska (העברעאישעס וויגענ-ליעד)

**II.**

- LONGO — Capriccio (Den[illegible]
- LESZETYCKI — Tocciata
- BRUCH — Kol-Nidre (כל נדרי) (Bak[illegible]
- BACH — Ciaccone (bez akomp.) „
- PUGNANI — Praeludium A. - Allegro „
- SCHUBERT — Ave - Maria „
- VIEUXTEMP — Ballade et Polenez „

---


## א הארציגען פאָהר-געזונד.

אונזער איבערגעגעבענעם חבר, דעם פערוואַלטער פון דער רויה-שטאָף-קאָאָפּעראַטיוו ביים שניידער-מייסטער-פעראיין, ה' יאסיל פאַטאַזשניק צו זיין אַבפאָהרען מיט זיין פאַמיליע קיין וואַרשאַ. זאָל גליק תמיד איהם בעגלייטען אויפ'ן וועג פון זיין ציקונפטיגען לעבען.

מענער-שניידער-מייסטער-פעראיין
רויה-שטאָף-קאאָפּעראַטיוו „כורוויט"
ביים שניידער מייסטער-פעראיין
אין ראדאָם.



די דירעקציע פון די גימנאַזיעס

## „פּשיאַטשול-וויעדזי"

(מיט רעגירונג'ס-רעכט)

מאַכט עפענטליך בעקאַנט אז די עקזאַמענס קומען פאָר נור ביז דעם 15-טען סעפּטעמבער. נאָך דעם טערמין וועלען די איינשרייבונגען זיין פערענדיגט.
גלייכצייטיג מאַכט די דירעקציע בעקאַנט, אז די שילער, וואָס וועלען זיך נישט מעלדען ביז דעם 9-טען ה. ח. קענען אזוי נאָך אויסגעשטרייכט ווערען פון די שילער-ליסטע.

אינזש. א. רוסאַק
דירעקטאָר



דעם גרינדער און שעפער
פון דער דאַמען-סעקציע און הילפס-קאַסע
דעם ח' יאסיל פאַטאַזשניק
ווינטשען מיר צו זיין אַבפאָהרען קיין וואַרשאַ א הארציגען פאהר געזונד און א גליקליכע צוקונפט.

די דאַמען-סעקציע.



בברכת מזל טוב חמה
מושיטים אנחנו לחברנו הנעלה,
ע"בד נאמן לכובת רעיוננו הנשגב,
כמר אַביש בירענבוים
לנשואי ביתו
יזכהו ד' לרות רוב נחת וגו'.
ועד הישיבה
„תורת-חיים"
ברדום.



Z intencji zaręczyn
naszej drogiej przyjaciółki
**Chanki Rechtmanówny**
— z panem —
**Pinkusem Milmanem**
życzymy im
żeby gwiazda szczęścia
była im przewodnią
**Regina, Chanka i Cesia**
**Goldsztejnówny**
**Tola Goldberżanka**

# וועגען א הילפס-אקציע פאר די ראַדאמער אין ארץ-ישראל.

די פראגע וועגען שטיצען די ראַדאמער יודען, וואָס וואוינען אין ארץ-ישראל איז אייגענטליך גאָרנישט קיין נייע.

מיר געדענקען נאָך, אז מיט צוויי יאָהר צוריק ווען די עליה קיין ארץ-ישראל איז געווען אין גרעסטען ברען, און צווישען די עולים זענען געווען אזעלכע, וואָס האָבען נישט געהאט די מעגליכקייטען זיך איינצואָרדנען אין א"י באַלד מיט זייער קומען אהין, זענען דאמאָלס ארויסגעזאָגט געוואָרען מיינונגען, אז אנשטאָט דעם, וואָס יעדע שטאָדט בעטייליגט זיך מיט איהרע נתינות פארין קרן-היסוד, זאָל בעסער יעדע שטאָדט אויסהאַלטען איהרע עולים אין א"י און זיי שטיצען אזוי לאנג ביז זיי וועלען זיך קענען דאָרט איינאָרדנען.

ביי אונז אין שטאָדט געדענקען מיר, אז די דאָזיגע מיינונג שטאַרק אַריינגעדרינגען צווישען די היגע געזעלשאפטליכע קרייזען, וועלכע האָבען געזאָגט, אז געבענדיג אויפ'ן קרן-היסוד ווייסען מיר אייגענטליך נישט וואָסערע טייל פון דעם געזאמעלטען געלד עס קומט אָן קיין א"י, אָבער ווען מיר וועלען געבען דירעקט אונזערע שטאָדטישע עולים, וועלען מיר זיין זיכער, אז דאָס גאנצע געלד ווערט פערוואָנדען צום בעשטימטען צוועק.

עס איז אָבער פערשטענדליך, אז די דאָזיגע מיינונג האָט געהאט א גרויסע צאָהל געגנער, וועלכע האָבען געהאַלטען, אז מען קען קיין פאָלקס-אקציע נישט צושפּליטערען, אז יעדע שטאָדט זאָל מאַכען שבת פאר זיך, און בעזונדער זענען דאָך פערהאנען א גרויסע צאָהל חלוצים און ס'רוב עולים וועמען זייערע געבורטס-שטעדט קענען נישט אויפהאַלטען, איבעריגענס האָט זיך דאַמאָלס געצייגען א גרויסער שטראָם חלוצים פון אוק-אינא, וועלכע האָבען געמוזט אויסגעהאַלטען ווערען פון די קרן-היסוד-געלדער, און דאריבער האָט מען געמוזט זעהען, אז די אקציע זאָל זיין א פאָלקס-זאַך, און וועלכער דאָס גאנצע פאָלק זאָל זיך בעטייליגען און פון איהר זאָלען בעקימען שטיצע אַלע, וואָס נויטיגען זיך דערין.

איצט איז אָבער די פראגע געוואָרען אקטועל און ברענענד.

דער קריזיס אין ארץ-ישראל דויערט ליידער ווייטער, דער גרעסטער טייל עולים זענען פון דאָרט צוריקגעקומען און געבליבען זענען נאָר אזעלכע, וואָס אָבער זיי האָבען נאָך עפּוואָס מיט וואָס דאָס לעבען זיך צו דערהאַלטען, אָדער די, וואָס האָבען פשוט נישט אויף הוצאות אהיים, און פאר זיי פאַר די דאָזיגע היגע יודען, וואָס זענען נאָך דאָרט און ווילען זיך מיט אַלע כוחות דאָרט דערהאַלטען. פאַר זיי דאַרף אומבעדינגט דאָס יודישע ראַדאָם זאָרגען און מיט וואָס עס איז נאָר מעגליך פערלייכטערן זייער שווערע לאגע.

מיט די דאָזיגע פראגע בעדארפען זיך איבערהויפט בעשעפטיגען די צוריקגעקומענע פון א"י, וועלכע האָבען מיט זייערע אויגען געזעהען אין וואָסערע שווערליכע בעדינגונגען די דאָרט פערבליבענע לעבען, ווי עס קומט זיי אויס מיט מסירות נפש צו קעמפען פאר א שטיקעל טריקען ברויט, און דאריבער אויפרודערן די היגע עפענטליכע מיינונג, דאָס יודישע הארץ און געפיהל, אז מען זאָל פאַר די דאָזיגע יודען עפּיס טהון, אז דאָס יודישע ראַדאָם זאָל נישט בלייבען גלייכגילטיג צו זייערע היגע ברודער און שוועסטער, וואָס געפונען זיך אין ארץ-ישראל און וועמענס לאגע עס איז ווי געזאָגט זעהר שלעכט.

עס איז דאָך נישט קיין שום צווייפעל, אז דער קריזיס אין א"י וועט איבערגעהן און די צייט וועט זיך בעסערן. אָבער ביז דאַן טאָר מען די היגע יודען נישט לאָזען פאַלען. טאָר מען נישט שטעהן פון ווייטען און זיך נישט מאַכען ווייסענדיג ווי זיי ראַנגלען זיך מיט די לעצטע כוחות. נאָר מען מוז זיי געבען די מעגליכקייטען אדורכצולעבען ווי עס איז די קריזיס-צייט און צו דערלעבען די בעסערע צייטען.

און מען מוז צו דעם צוועק אדורכפיהרען אין אונזער שטאָדט א הילפס-אקציע פאַר די ראַדאָמער אין א"י. מיר קענען נישט זיצען מיט פערלייגטע הענד און הערען די שרעקליכע קרעכצען פון די דאָרטיגע יודען גאָרנישט טהוענדיג פאר זיי.

א אקציע פאַר די ראדאָמער אין ארץ-ישראל דארף אומבעדינגט אין אונזער שטאָדט אדורכגעפיהרט ווערען און די היגע יודען וועלען זיך אָהן ספק מיט דער גרעסטער ווארימקייט און איבערגעגעבענהייט אין איהר בעטייליגען.

י. פ.



# הינטער די קוליסען פונ'ם אמאָליגען מאגנאַטען-לעבען אין ראדאם.

7. פון מלך אביון.

זייט דער אינצידענט צווישען ה' ב. מיט זיין פרוי, איז צווישען זיי געשטערט געוואָרען דער גאנצער שלום-בית. מאדאם ב. איז ארומגעגאנגען אין איהרע אייגענע סאַלאָנען ווי א ווילד-פרעמדע און די פרוי ג. איז מיט יעדען טאָג דאָרט געוואָרען היימישער און אינטימער און צום לעצט — כמעט ווי די גאנצע אויפזעהערין, איבער'ן הויז און איבער די שכוב-פיהרונג פון ה' ב.

די דאָזיגע שמיכלערקע האָט מיט איהר דיכטריבענקייט, חיטרעקייט און קלוגע פאַלשקייט אריינגעקריגען אַלץ אין איהרע הענד. זי איז מיט דער צייט געוואָרען דער גאנצער שליסעל פון געשעפט, און אַלץ וואָס זי האָט געזאָגט אזוי איז געווען. דאָס הויז פון ה' ב. האָט זי בעטראכט ווי איהר אייגענע שטוב. וואו זי האָט שפּעטער געטאָגט און גענעכטיגט. געווען טעג און נעכט, ווען זי איז שוין אינגאנצען ניט אהיים געגאנגען, נאָר כסדר פערבראַכט אין דער געזעלשאַפט פון ה' ב. דאָ איז זי געווען אין פאבריק, וואו מ'האָט אַלע פאַר שעה געבּרענגט צופיהרען א צווייטע פּאַרטיע געשמוגעלטע פעל. און זי האָט די שמוגלערס, אזוי די ראַדאָמער, אין אזוי די שמוגלערס פון די קליינע שטעדטלעך פון ארום ראַדאָם, וואָס זענען געקומען אָבוויינען און געגאָסען מיט טרעהרען מ'זאָל זיי נישט אומגליקליך מאכען און זיי אָבגעבען די רעקוויזירטע פעל. האָט די פרוי ג. זיי פערטריבען און ווער פון די אומגליקליך-געוואָרענע סוחרים עס האָט געשטעלט א ווידערשטאַנד, האָט זי לאַנג נישט געקלערט, ארויסגערופען מיליציע און געלאָזט זיי ארעסטירען.

א חוץ די געשמוגעלטע פעל האָט די פרוי ג. אויך אָנגעפיהרט מיט'ן גאנצען לעדער-מסחר. מיט די לעדער, וואָס זענען אויסגעארבייט געוואָרען פון די רעקוויזירטע און געשמוגעלטע פעל. זי האָט געהאָט די גרעסטע דעה, וועמען מ'זאָל יאָ פערקויפען די לעדער און וועמען נישט. אז זי פלעגט זיך אָבפערטיגען אין פאבריק איז איהר זיץ-אָרט געווען אין איינעם פון די שענסטע סאַלאָנען פון ה' ב'ס וואָהנונג. זי האָט זיך שוין מעהר נישט געבּרויכט ווייטער בענוצען מיט די שפעטע און געהיימע נאַכט-וויזיטען. נאָר איז שוין געזיצען פראַנק-און-פריי אפילו בייטאָג אינ'ם לעצטען סאַלאָן מיט'ן ה' ב. און אונטער'ן כלומר'שטען אויסרייד, אז דאָס שליסט מען אַלע טראנזאקציעס און עס ווערט ערלעדיגט אַלע געשעפטען — האָט מען דאָרט געלעבט א גוטען טאָג און דער ה' ב. איז געווען אויפ'ן זיבעטען הימעל פון גרויס פערגעניגען וואָס זיין ליבע מיט דער פרוי ג. האָט איהם פערשאַפט.

פרוי ג. האָט דעם ה' ב. אויף אזוי פיעל פערדרעהט דעם קאָפּ און פערשכור'ט זיינע געדאנקען, אז נישט נאָר וואָס ער האָט פערגעסען פון זיינע פאָטערליכע און מאַן-פליכטען, נאָר די אייגענע פרוי און קינדער זענען איהם איבעריג געוואָרען אין די אויגען און ער האָט זיי בעטראכט פאר זיין גרעסטע שטערונג אין זיינע גליקליכע פערווילונגען מיט דער פרוי ג.

מאדאם ב. איז אריינגעשטויסען געוואָרען אין אזא לאַגע, אז זי איז געצוואונגען געוואָרען אין איהרע אייגענע שטובען ווי א מצורע, אָבגעזונדערט פון מאן פון פאבריק, פון אַלע סוחרים, פון דער גאנצער בעל-הבתיש'קייט. די דיענסט האָט שוין געהאַט מעהר אנזעהן. אינ'ם גאנצען געטומעל און הו-הא, וואָס האָט דאָרט שטענדיג געהערשט האָט מאדאם ב. ארומגעבלאָנדזשעט ווי א שטומער, פערוואָגעלטער שאָטען און נישט געהאט מיט וועמען א וואָרט אויסצורעדען. דאָס הארץ איז איהר צעפאלען געוואָרען, צוזעהענדיג, ווי מיט אַלעם רעגירט

# די יודישע שולע.

## (צום נייעם שול-יאָהר).

אונטער יודישע שולען פערשטעה איך שולען מיט לערן-לשון העברעאיש אָדער יודיש. ווייל דאָס זענען די איינציגע שולען, וואס קענען געבען זייערע תּלמידים אנ'עכט יודישע נאַציאָנאַלע ערציהונג.

די אכזריות'דיגע שונאי-ישראל טענה'ן צו אונז: שמד'ט זיך, יודען נעמט אָן אונזער אמונה. אונזער לשון. אונזערע מנהגים און אונזער גאַנצער קולטור — וועלען מיר אייך מיט דער צייט מוחל זיין, וואָס איהר זענט געווען יודען; אייערע אור-אור-אייניקלעך וועלען שוין פיינד האָבען יודען און פייניגען זיי נאָכמעהר, ווי מיר! אָט אזוינע „יודען" וועלען מיר שוין האַלטען גלייך מיט אונז!.. „קומט יודען אין אונזערע שולען זיי וועלען שוין עוקר מן השורש זיין די ליבע און איבערגעבענקייט, וועלכע א יודיש קינד ברענגט אין שולע פון דער היים; זיי וועלען שוין אין ד' יונגע, איידעלע און חשוב'ע קינדערשע נשמות איינפלאנצען שנאה און פעראַכטונג צום יודישען פאָלק, צו זיין קולטור און אפילו צו די עלטערען פון קינד גופא... קומט, יודען, אין אונזערע שולען, מיר וועלען מאַכען אייערע קינדער פאר מענשען!..."

די רייכע יודען. די כהנים פון עגל הזהב, ביי וועמען געלד איז דער גאַנצער תמצית און דער גאנצער תכלית פון לעבען, — לאָזען זיך על פי רוב איינרעדען און שיקען אוועק זייערע קינדער אין די נישט-יודישע שולען.

פון די דאָזיגע שולען געהן די קינדער מיט דער צייט ארויס אלס „געבילדעטע" מאלפעס. וועלכע טהוען נאָך אַלץ, וואָס די שונאי-ישראל טהוען, און סטאַרען זיך אין זייער שנאה און פעראכטונג צו יודען אריבערצושטייגען און אריבערפראַנטעווען זייערע אנטיסעמיטישע לעהרער!... זיי בענעמען זיך מיט פעראכטונג צו דער יודישער קולטור. וועלכע ליגט אלס דער עיקר גרונדשטיין אין אלע היינט-מאָדישע קולטורען... זיי בענעמען זיך מיט שפּאָט און פעראכטונג צום יודישען פאָלק; זיי שעמען זיך מיט זייערע עלטערען און זייערע עלטערען שעמען זיך מיט זיי.

ווילט איהר, יודען, האָבען אזוינע קינדער? כאָ שיקט זיי אוועק אין די פרעמדע שולען! אמאל פלעגט א יוד „מוזען" שיקען זיינע קינדער אין די רוסישע אנטיסעמיטישע שולען, כדי זיי זאָלען האָבען „פראַוואָזשיטעלסטוואָ". איצטער האָבען ב"ה אלע יודען דאָס רעכט צו וואוינען און צו ווינען אומעטום! איצטער מוז א יודיש קינד זיין געבילדעט און נאַציאָנאַל-יודיש ערציגען. כדי צו קענען קעמפען פאר זיין רעכט און פאר זיין קולטור. די גרעסטע און ערנסטע יודישע געגנער בענעמען זיך מיט אכטונג און ערנסט נור צו אזוינע יודען!...

דעריבער שיקט, יודען, אייער קינדער אין העברעאישע און יודישע שולען. די דאָזיגע קינדער וועלען זיך מיט זייערע עלטערען און די עלטערען מיט די קינדער נישט שעמען. „הזהרו בבני עניים, שמהם תצא תורה". פון די דאָזיגע קינדער וועלען ארויסוואקסען מוטיגע און מסירת-נפש'דיגע קעמפערס פאר דער גלייכבערעכטיגונג פון זייער פאָלק אין פאַר'ן יושר פון דער וועלט. ווארום דער גאנצער מהות פון דער יודישער קולטור איז דאָס שטרעבען צום יושר!

ווען אַלע יודען זאָלען איינזעהן מיט'ן דאָזיגען איינציגען, פאר אונז נויטיגען און ווירדיגען, וועג, וועלען מיר א סך גיכער קענען אויסקעמפען די גלייכבערעכטיגונג פון אונזערע שולען!...

בנוגע די הייך-שולען וועלען אונזערע שולען שטעהן נישט ערגער, ווי די מלוכה-שאפטליכע. אָהן נארישע, פאנאטישע, צו שאיפות אינטווייניגסטע שבאלטונגען און רייבונגען, וועלען מיר אונזער רעכט און הויך-שולען אויסקעמפען.

זעהט יודען, לערנט און ערציהט אייערע קינדער אזוי, אז מיר זאָלען אַלע פון זיי האָבען נחת און דער עיקר — חס וחלילה — נישט פערשעמט ווערען...

שיקט אלע אין די יודישע שולען!

ד"ר יעקב וויגאָדסקי.



כשר
צערעס
שפייזע-פעטס ווערט אלזייטיג טכנוצט
אויף די יו"ט צום
קאכן
באקן
בראטן
פערלאנגט אויסדריקליך „צערעס"
מיט דער הכשר חתימה און
וואַרפט צוריק מינדערווערטיגע אונבעקאנטע
פעטסן
SATURNIA S.A. WARSZAWA

---

און ניהרט אָן די פרוי ג. ס'איז געקומען אזוי ווייט, אז די דינסט און אלע שטוביגע זענען געווען די אונטערטעניגע פון פרוי ג. און אלע זענען געווען נאָר איהר געהאָרכזאם.

פאר צער אין הארץ-דריקעניש האָט מאדאם ב. פערלאָזט איהר הויז אויף האלבע און טייל'מאהל אויף גאַנצע טעג און אין דער צייט געוואַנעלט און איינזאם, ווי זי וואָלט אין חרם געלעגען, ארומשפּאצירט אין די וועלדער און פעלדער, וואָס זענען אויסגעשפּרייט ארום דער פאבריק.

דער גאליציאנער, וועלכער האָט צו מאַדאם ב. געהאט א אויסערגעוועהנליכע סימפּאַטיע האָט איינמאהל געפּרובט זיך אָנגעמען די קשיודע פון מאדאם ב., פארוואָס זי איז דערוויטערט געוואָרען פונ'ם שמוגעל-מסחר. אָבער ער האָט בעקומען א אָבשניט פון ה' ב. און איבערהויפּט פון דער פרוי ג. אַז ער זאָל זיך נישט מישען אין אַזעלכע אנגעלעגענהייטען און אז ס'זאָל נישט זיין זיין באָבעס עסק. פון דעמאָלט האָט דער גאליציאנער געביטען זיין ראָל. און, זעהענדיג, אז אלץ איז אָבהענגיג פון פרוי ג. האָט ער זיך אָנגעהויבען דערנעהנטערען צו איהר. האָט כ'יט אמאהל פערגעסען אָהן דער מאדאם ב. און גענומען שפּיעלען זיינע חניפה-שטיק פאר דער פרוי ג.

אפילו די קינדער פון ה' ב. האָבען קיין אנדערע ברירה נישט געהאט און אז זיי האָבען עפּיס פערלאַנגט פון זייער טאטען, געלד, צי עפּיס אנדערש, האָבען זיי געמוזט בויגען זייער שטאָלץ און מיט פערוועהטאָגטע און פערקלעמטע הערצער געצוואונגען געווען זיך צווענדען מיט גיפט-אָנגעגאָסענע שמייכעלדיגע פּנים'ער צו דער פרוי ג. אז זי זאָל פועל'ען ביי זייער אייגענעם טאַטען, ער זאָל זיי נאָכקומען זייער פערלאַנג. פרוי ג. האָט זיך געפּיהלט אין אַזעלכע מאָמענטען איבער-גליקליך און איהר שטאָלץ האָט געוואַקסען, זעהענדיג אין די הכנעה'דיגע ביטעס פון ה' ב.'ס קינדער א לעבעדיגען בעווייז, אז זי האָט שוין פילשטענדיג בעזיעגט און אונטערגעבראַכען די קראפט און די מאכט פון דער מאדאם ב. און ביי איהר אָנגענומען דעם גאַנצען איינפלוס אין איהרע אייגענע שטובען, ביי איהר אייגענעם מאַן און קינדער.

פרוי ג האָט דערלעבט א נקמה אָן איהר פריהערדיגע קאָנקורענטקע, וואָס זי האָט א מאָל אויסגעשטאָכען דעם אָבער-לייטענאנט פון לובלין. און נאָך מעהר האָט זי געהאט א נקמה פאר יענער ווילדע סצענע, וואָס מאדאם ב. האָט איהר איינמאָהל געמאכט אין איינעם פון איהרע שפּעטע נאכט-וויזיטען ביים ה' ב, ווען זי האָט זיך געוויילט מיט איהר מאַן, דער ה' ב., ווען זי האָט איהר אָנגעגאָסען מיט דעם גלאָז שאמפּאן און געהייסען די אָרימע שמוגלערס זי פון דאַנען ארויסטרייבען.

פרוי ג. געדענקט דאָס נאָך גוט און זי קאָן זיך נאָך אלץ נישט בערוהיגען. כל זמן, זי וועט נישט גענצליך און אויף אייביג פערטרייבען די מאדאם ב. פון איהרע סאלאָנען.

ס'זענען אוועקגעגאנגען אַזוי שעהנע וואָכען און אזא לאגע איז פאר דער ב. געוואָרען אונערטרעגליך. זי האָט מעהר נישט געקענט אויסהאַלטען, זי האָט זיך געפיהל'ט, ווי זי וואָלט דא, אין איהרע אייגענע סאלאָנען, ארומגעגאנגען ווי א געשטאָרבענע, וואָס איז אהער געקומען פון איהר קבר צוקוקען ווי אויף איהר אָרט קיניגט א שטיף-מאַמע און אלץ איז איהר אונטערגעוואָרפען. אזא שטימונג האָט זי בעהערשט, ווען זי האָט מיט אייגענע אויגען געזעהן, ווי איהרע אייגענע לייבליכע קינדער, וואָס זיי בעדארפען, ווענדען זיי זיך נישט צו איהר. ווי צו א מאַמע, נאָר זיי מיידען זי אויס ווי

# אָרימע און אַרבּייטסלאָזע לאָקאַטאָרען,

**צי זענען זיי מחויב צו צאָהלען דירה-געלד און צי קאָן מען זיי עקסמיסירען.**

צווישען געוויסע שיכטען לאָקאַטאָרען האָט זיך איינגעפונדעוועט א זעהר ריזיקאַלע געדאַנק, אַז כ׳איז כלומרשט פערהאַן א געזעץ, לויט וועלכען אַפּיציעל אַנערקענטע אָרימע און רעגיסטרירטע אַרבּייטסלאָזע דאַרפען נישט צאָהלען קיין דירה-געלד און מ׳קאָן זיי אויך בשום אופן נישט דערפאַר עקסמיסירען.

די דאָזיגע דורכאויס פאַלשע מיינונג איז מסוגל צו ברענגען די שוואַך אָריענטירטע לאָקאַטאָרען צו דער שרעקליכסטער פערצווייפלונג און אפילו אויך צו דער לאַגע, אַז זיי זאָלען ארויסגעוואָרפען ווערען מיט זייער בני בית אויפ׳ן ברוק.

אמת ס׳עקזיסטירט טאַקע אין א געוויסער מאָס א וואוינונג׳ס - מאָראַטאָריום, וואָס באַזירט זיך רעכטליך אויפ׳ן דעקרעט וועגען לאָקאַטאָרען-שוץ. די דערמאָנטע סאַנקציע קאָן אָנגעוואָנדען ווערען אייסשליסליך - נאָר און פּראָצעסען וועגען עקסמיסיעס, זי האָט אָבער נישט אזא ווייטגעהענדען כוח, אַז זי זאָל זיין ביכולת וועמען ס׳איז צו באַפרייען פון דער פליכט צו צאָהלען דירה-געלד ביי וואָס סאַרע אומשטענדען ס׳זאָל נישט זיין, אפילו אויפ׳ן קורצסטען טערמין.

און אפילו מיט דער הנחה וועגען אָפּהאַלטען פון עקסמיסיעס, וואָס דער פינקציאָנירטער מאָראַטאָריום זעהט אָבּ יאָ פאַר, איז דער ענין אויך ווייט נישט אזוי ריעזיג, ווי געוויסע אָפּשיימיסטען פון צווישען די לאָקאַטאָרען שטעלען זיך דאָך פאָר.

קודם כל קוואַליפיצירט דער געזעצגעבער די אָנגעוויזענע אויפ׳ן הסר פון דערמאָנטען מאָראַטאָריום אויף 2 בעזונדערע קאַטעגאָריעס: אויף אַרבּייטסלאָזע און אַמאָליסטען אָרימע פון די איבעריגע שיכטען פון דער בעפעלקערונג; אַנדער ריכטיגער געזאָגט: אויף אזעלכע, וואָס וואוינען אין 1, עווענטועל אין 2 צימערן און אזעלכע, וואָס פערנעמען גרעסערע דירות.

פאַר אונטערשטעליג בלייבען מיט דעם צאָהלען דירה-געלד אין משך פון די פאַרגעזעהענע טערמינען ווערט אומבעדינגט לגבי ביידע אויבען אויסגערעכענטע גרופּעס ארויסגעטראָגען עקסמיסיע-אורטיילען.

נישט מעהר, דאָס געריכט קאָן לויט זיין אייגענער איניציאַטיוו אָדער אויפ׳ן פאָרשלאַג פון איינגעקראַנקטען לאָקאַטאָר אָנווענדען לגבי ביידע דערמאָנטע גרופּעס בנוגע אויספיהרען דעם עקסמיסיע אורטייל — א 6 חדשים׳דיגער מאָראַטאָריום.

אפילו אין לעצטען פרט, טראַקטירט אויך נישט דאָס געזעץ ביידע גרופּעס גלייכמעסיג.

לויט׳ן אַרט 23 פון רעקרעט וועגען לאָקאַטאָרען-שוץ, ווערט דאָס אויספיהרען עקסמיסיע-אורטיילען, בנוגע פערארימטע לאָקאַטאָרען פון גרעסערע דירות, בלויז אָבגעלייגט (odroczono) אויף א בעשטימטען טערמין. אין דער צייט, ווען בנוגע אַרבּייטסלאָזע און אָרימע לאָקאַטאָרען פון 1 אָדער 2 שטוביגע וואוינונגען, ווערט דאָס אויספיהרען די ארויסגעטראָגענע עקסמיסיע-אורטיילען אָפּגעשטעלט (zawieszono).

דער אונטערשייד פון ביידע סאַנקציעס איז א קאָלאָסאַלער: אויב אין ערשטען פאַל איז דער אורטייל אַבּסאָלוטער, טראָגט ער אין צווייטען פאַל א בעדינגונג-אַרטיגען כאַראַקטער.

דער אָנגעוואָנדענער מאָראַטאָריום אין לעצטען פאַל דאַרף אינטערפּרעטירט ווערען אין דעם זין, אַז בנוגע לאָקאַטאָרען פון 1 עווענטועל 2 צימערדיגע וואוינונגען, וועלכע פערופען זיך אויף אָרימקייט-צייגנישן און אויף בעשטעטיגונגען פון מלוכה׳שען אַרבּייטס פערמיטלונגס-אַמט אַלס רעגיסטרירענדע אַרבּייטסלאָזע, ווערט דאָס אויספיהרען דעם עקסמיסיע-אורטייל אָבגעשטעלט אויף א צייט ביז 6 חדשים.

אויב אין משך פון געגעבענעם טערמין ווערט דער פערלעגענער חוב נישט בעצאָהלט, אָדער דער לאָקאַטאָר ענטזאָגט זיך אָנצונעמען א פּאַסיגע אַרבּייט ווערט דער אורטייל אויסגעפיהרט, אין פערקעהרטען פאַל—בטל.

**י. אינפעלד.**



Kino „ODEON" w Radomiu.
Od 5 września
Pierwszorzędna atrakcja sezonu p. t.
KOBIETY i PERŁY
osnute na tle znanej i słynnej sztuki teatralnej
RINALDO RINALDINI
Olbrzymia sala Filharmonji Warszawskiej na każdym seansie była nabyta formalnie publicznością, która z niesłychanem zaciekawieniem i napięciem śledziła bieg nadzwyczajnej akcji wykonanej po mistrzowsku.
Pierwszorzędne wykonanie. Nadzwyczajna treść. Niesłychane napięcie.
w roli głównej fenomenalny artysta
LUCJANO ALBERTINI
i przemiła Rosjanka ELŻBIETA PINAJEM.
PIERWSZORZĘDNA ATRAKCJA SEZONU.

די נייעסטע און שענסטע
„טאַפּעטען"
אויף צימער-טאַפּעטירונג
בעדייטענד ביליג, פערקויפט
ש. שטיינמאַן
ראַדאָם, לובלינער 21 №
ביטע זיך צו ערקינדיגען!

זייער טאַטע אין איהר מאַן און ווענדען זיך צו דער פרוי ג. זי זאָל דעם טאַטען בעוועגען און אַ״ך פאַר זייער טוועגען אויס פוצ׳ען.

מאַדאַם ב. האָט שוין אפילו געהאַט בעשלאָסן צומאַכען א עפענטליכן סקאַנדאַל, אז ס׳זאָל זיך צונויפלויפען א האַלבע שטאָדט, האָט זי זיך אָבער דערפון אָבגעהאַלטען, ווייל זי האָט געוויכט, אַז פרוי ג. האָט אויף איהר א שווערע בעשולדיגונג און זי קאָן ענטדעקען א סוד וואָס קאָן איהר גילדיג קאָמפּראָמיטירען און פיל מעהר פערשאַרפען די זוי אויך אָנגעשטרענגטע בעציהונגען צווישען איהר מאַן דעם ה׳ ב. מיט איהר.

מאַדאַם ב. האָט זיך דערמאָנט, אָדער ס׳איז איהר איינגעפאַלן נאָך נישט ארויס פון איהר זכרון דער פאַל ווי די זעלבע פרוי ג. האָט זי געטראָפען אין לובלינער האָטעל צוזאַמען מיט׳ן אָבערלייטענאַנט גאַרנישט אין קיין צנועה׳דיגע פּאָזע... פאַר מאַדאַם ב. שטעהט נאָך קלאָר יענץ בילד ווי זי איז דאָרט געלעגען אויף דער סאָפקע און געווען איינגאַנצען אינטער דער היפּנאָטיזירענדער קראַפט פון אָבער-לייטענאַנט. פון דעם סוד ווייסט קיינער נישט אויסער די פרוי ג. האָט זי טאַקי מורא פאַר איהר און האַלט זיך אָב פון מאַכען א סקאַנדאַל. אין איהרע אויערן קלינגט נאָך שאַרף די שטימע פון דער פרוי ג. אַז זי וועט אַלץ דערצעהלען און ענטדעקען. ווי מיט טויזענד קולות קלינגט יענע וואַהרנינג אין איהרע אויערן און א שוידער געהט דורך איהרע ביינער ווען זי שטעלט זיך פאָר, אַז יענע וועט ווירקליך דעם סוד אויסזאָגען. מאַדאַם ב. זעהט זיך שוין אין דער טראַגישסטער לאַגע, ווי אזוי דער מאַן איהרער, געוואָהר-ווערענדיג פון דעם סוד יענע נאַכט אין לובלינער האָסעל וואַרפט ער זי גענצליך ארויס פון זיין הויז און שרייט אויף זיין ווילד קול: ארויס פון דאַנען, א פרוי, א פערערטערין וויל איך נישט האָבּען אין מיין הויז!...—

בלויז פאַר די דאָזיגע געדאַנקען ציטערט איהר דער גאַנצער קערפּער און גרוילט אין א קאַלטען פיבער ביז צאָהן-קלאַפּעניש.

שווערע טעג האָט מאַדאַם ב. איבערגעלעבּט. זי האָט געפיהלט אז זי געהט אויס און צאַנקט ווי א ליכט. זי האָט אויפגעהערט צו עסען און גאַנצע נעכט אנגעלעגען איינזאַם אויף איהר געלעגער נישט קענענדיג פערמאַכען קיין אויג. זי האָט געפיהלט, אז קיים קומט נישט קיין סוף צו איהרע אונערטרעגליכע בעליידיגונגען און אינמענשליכע צרות וועט זי עס נישט אויסהאַלטען און וועט אַוועק יונגערהייד פון דער וועלט. זי האָט געטראַכט פערשידענע פּלענער, אויפצוטוהען און פּלוצלינג, ווען זי האָט אזוי געוואַנדערט איינע אַליין אין א פינסטערען בין השמשות אויפ׳ן ווייטען פעלד אַרום איהר פאַבריק, האָט אויפגעשטראַלט אין איהר פערמרה שחורה׳דיגען קאָפּ א ליכטיגער געדאַנק. איהר איז איינגעפאַלען צו שרייבען א בריעף צום אָבער-לייטענאַנט קיין לובלין און איהם פערבעטען צו גאַסט.—וואָסז, ווענז

# פון די ראדאמער מעשה'לעך.

## דריי דאטשניצעס און איין דאטשניק...

גרויס איז די גבורה פון יצר הרע, אבער נאך גרעסער איז די גבורה פון קנאה.

אט נעמט למשל די געשיכטע, וואס האט פאסירט מיט דריי פרויען און איין מאנספערזאהן אין דאטשע אין גארבאטקע.

א קליין סטאציעלע. דערפאר אבער א פיין ארט פאר בעשיידענע דאטשע-געסט, וועלכע קענען זיך נישט ערלויבען צו פאהרען אין די גרויסארטיגע קור-ערטער, ארער אין פענסיאנאטען אין מיזין אבער כאטש אויף עטליכע וואכען זיך ארויסרייסען פון שטאטישען כו-מעל.

דריי וועגען זיי ארויסגעפאהרען קיין גארבאטקע: א פרוי פון א אנגעשטעל-טען, א פרוי פון א מאנופאקטור-סוחר און א פרוי פון א לעהרער. געפאהרען וועגען זיי פון דאנען מיט די ריינסטע כונות אפצורוהען זיך און טאקי דער-פאר האבען זיי זיך אויסגעזוכט א זיי-טיגען געגענד, וואס האט צוויי מעלות: עס קאסט ביליג און די מענער איז-ערהיים זענען רוהיג..

וואלט מאקי אלץ אריבער בשלום, ווען נישט א מכשול.

אין דעם דאטשע-ארט איז אנגעקו-מען אויך א געוויסער יונגערמאן מיט אלע אויסערליכע און אינערליכע איי-גענשאפטען צו אימפאנירען פרויען.

עטליכע טעג זענען אריבער און איי-נע פון די פרויען האט זיך אנגעהויבען אויסדוכטען, אז איהר פריינדין איז עפיס נישט גלייכגילטיג צום יונגענמאן. דער חשד האט גרויסע אויגען און מיט יעדער מעת לעת האט זיך איהר אנגעהויבען אויסדוכטען אלץ מעהר און מעהר.

האט זיך ביי איהר דערוועקט די פרויען אמביציע: „און איך וואו בין?"... האט זי אליין געפרובט פערבינדען קאנטשאפט מיט'ן יונגען דאטשניק און זיך איבערצייגט, אז דא איז א נאלדע-נער יונגערמאן.

אין די ערשטע געזאגען אייפערזיכ-טיג און זיך געגעבען כודין מיט דער דריטער פריינדין וועגען די „געהיימע געשעפטען" פון דער צווייטער. האט די דריטע „פערשטאנען", אז דאס רעדט ביי דער ערשטער די קנאה פאר'ואס זי האט נישט קיין „מזל" און אגב האט זי אליין גענומען פרובען „אויב זי איז נאך עפיס ווערט"....

אזוי ארום איז אויסגעבראכען א שטילע קאנקורענץ צווישען די דריי פריינדינס. איינע די אנדערע האט חושד געווען אין גענומען נאכקאנטראלי-רען.

דער אמת איז געווען, אז איינע פון זיי האט טאקי יא אמאהל געכאפט א שמועס מיט'ן יונגענמאן און א צווייטע האט אפילו זיך דעריעגט מיט איהם צו מאכען א שפאציר אייפ'ן פעלד.

די קנאה געפיהלען זענען געוואקסען פון איין פריינדין צו דער אנדערער. אין עטליכע טעג ארום האבען די מע-נער פון די דריי פריינדינס בעקומען אנאנימע בריעף, אז זייערע פרויען פיהרען זיך אויף זעהר „צנועות דיג" און מי יודע צו וואס דער יונגער דאטשניק וועט זיי דערפיהרען.

אין א פלוצלינגען פריהמארגען (נע-ווען איז עס אייגענטליך ביינאכט) זע-נען אלע דריי (יעדערער בעזונדער און אלע אינאיינעם) געקומען צופאהרען קיין ג. און נישט אויכרעדענדיג א ווארט, האבען זיי געהייסען זייערע פרויען איינפאקען די פעקלעך און — צוריק אהיים!

ביי דער באהן-סטאציע האבען זיך צונויפגעטראפען די דריי פרויען מיט זייערע דריי מענער. איינע צו דער צווייטער האט א ווארט נישט אויסגע-רעדט. די מענער צווישען זיך האבען אויך געשוויגען און אין א טויטער שטילקייט זענען די דריי פאר „פעל-קער" אפגעפאהרען קיין ראדאם.

אט דאס איז דער רעזולטאט פון קנאה, אמביציע און פיסעל אונטערשטע-לעריי!...

## אדם וחוה אויף די לאנקעס ביים שעכט הויז.

ער, זי, ער איהם און זי איהם.

ביידענס יאהרען צוזאמען וענען נאך נישט גענוג אריף צו קענען ווערען א סענאטאר: דערפאר אבער וענען די דאזיגע יאהרען שוין איבערגענוג אויף צו קאנען פראוען יונגע שטיקלעך.

א מניעה איז דא אפילו געווען, וואס ער שטאמט פון א חזירישע פאמיליע און זי איז נישט נאר זיינס א קרובה נאר אויך א שכנ'טע. אבער וועלכע מניעה איז דאס א יונגע, זיך ליבענדע פאר נישט גובר? אמת די אלטע אין דעם שטאדט נארטען איז טאקע נישט געפאסט פאר'ן דאזיגען פארל דארט, וואו אלע אבסערווירען דיך און כרע-פען פאראויס וואס דו ווילסט און צו וואס דו שטרעבסט און ווען דו כאפסט שוין א שטיקעל ארט אויף א באנק אין א זייטיג פינסטער ווינקעל ביסטו גאר נישט זיכער, אויב דו וועסט נישט בע-קומען אנ'אומגעריכטען שותף צום גליק...

וויארכען לאן מען אבער נישט און דעריבער האט אונזער פארל זיך איועקגעריאזט אויף דער לאנקע ביים שעכט-הויז.

האנד צו האנד געשיקטען און וואס ווייטער אויף דער לאנקע אלץ שטאר-קער זיך געטוליעס. ענדליך זיך אויס-געקליבען א ווינקעלע נעבען 2 געדיכ-טע בוימער, שא, שטיל, ער שפרייט אויס זיין מארינארקע. ביידע זעצען זיך, איהר קאפ אין זיינע ארעמס — און פערקעהרט.

ואל די שטאדט זיך באדען אין איה-רע דאגות. דארט אויף דער לאנקע אט אין יענעם ווינקעלע ריהט דאס אבסא-לוטע גליק!

מי יודע וואס פאר א ישועה ס'וואלט געקומען אויף דער וועלט, ווען נישט עפיס אזוי „ראטקעס", וועלכע האבען זיך ארויסגערוקט פון א ווינקעל און דראהענדיג מיט מעסערס גענומען בא-זוכען אונזער פארל, אויב עס האט נישט עפיס געלד ביי זיך. קיין געלד האבען זיי טאקע נישט געהאט. דער-פאר אבער האבען זיי דאס פארל אי-בערגעלאזט אין א פאזע ווי אדם וחוה אין גן-עדן.

ביי איהר דאס קלייד, די שיך, דעם שירם מיט'ן האנד טייכעלער און וועלכען ס'האט זיך געפונען כ יעדער פירעור; ביי איהם — די מארינארקע, שיך, קאס-טיום און אפילו די הויזען מיט די שעלקעס.

מילא - זאל זיך דאכטען א גריפה.

אבער, ווי אזוי קומט מען אהיים? ווי שפאצירט מען איבער די גאסען אין אזעלכע מלבושים?

ביז 2 ביינאכט האט זיך דאס פארל דערווארעמט ווי עס האט געקענט, און געווארט אויף א פאכענדע געלעגענ-הייט זיך א היים צו כאפען.

אט אזוי איז אויף דעם זינדיגען וועלטעלע מקען לעבן, נאר מ'לאזט נישט...

* * *

וואס וועט דערפון ארויסקומען? פון דעם האט זי זיך נישט אבגעגעבען קיין רעכנינג. זי האט געאיילט א היים, האט שנעל אבגעשריבען א קורצען איינלא-דונגס בריעף, אבער זי האט זיך מיישב געווען נישט צו שיקען דעם בריעף.

דער מאדאם ב. איז איינגעפאלען א המצאה: זי וועט דערלאנגען א מסירה קיין לובלין, אז אין דער פאבריק פון איהר אייגענעם מאן ווערט געטריבען בלויז שמוגעל אונטער דער לעגאלער שויץ פון דער קאנצעסיאן. אז ס'ווערט אלץ פערקויפט צו סוחרים און אז נאר א קליינער טהייל און דאס ערגסטע ווערט געליפערט פאר דער עסטרייכי-שער ארמעע.

מאדאם ב. האט געוואוסט, אז די מסירה אויף זיך אליין קאן איהר פיל ארויסהעלפען פון איהר אומגליקליכער לאגע, ווייל דאן וועט מען זי בעשטימט שיקען צום אבער-לייטענאנט, וועלכער וועט ווירער ציליב איהר זיי ארויסרא-טעווען און דאן וועט זי ארויף אויף איהר מדרגה.

מאדאם ב. איז פון דאזיגען געדאנק ליכטיג געווארען אין די אויגען. זי האט נישט בלויז זיך בעגנוגענט מיט בעטראכטען, נאר גענומען זיך גלייך רעאליזירען איהר פלאן.

(פארטזעצונג קומט).

לשמוע אל הרנה ואל התפלה

צו די קומענדע ימים נוראים וועט אין די זעהר בעקוועמע זאלען פון סוחרים-פעראיין לובלינער 18, דאווענען דער זעהר פאפולערער און בעוואוסטער חזן

ישראל צוויגענבערג

וועלכער האט 10 יאהר געדאווענט אין די ראדאמער ציוני-ארג. און דאס לעצטע יאהר אין קליב הציוני אין תל אביב א"י.

בילעטען צו בעקומען פון 12/9 יעדען אווענד אין סוחרים פעראיין פון 7 ביז 8 אווענד.

צאהן-דאקטארין

ח. ראקאטש

איז צוריקגעקומען

און נעמט ווידער אן קראנקע.

ראדאם, שעראקא (פילסודקיס) 7.

# וואס הערט זיך אין ראדאם.

## וועגן עטאט-שטייטער פאר'ן יאהר 1927.

אויף די שטאָדט-פארקענס האָבען זיך בעוויזען היינטיגע וואָך בעקאנטמאכונגען פון דער יודישער גמינע, אז דער עולם עטאט-צאָהלער. אויב ער וויל, קאָן ער קומען אין לאָקאל פון דער גמינע נאָכקאָנטראָלירען די גרויס פונ'ם געשטעלטען עטאט-שטייער אויפ'ן יאָהר 1927. דער טערמין צום דורכזעהן די ליסטע פון קהלה-שטייער דורך די עטאט צאָהלער'ס ווערט אָנגעגעבען פון 7 טען ביז'ן 14-טען ה. ח. ס'הייסט פון פאָריגען מיטוואָך ביז דעם קומענדיגען דינסטאָג. אין סכום פון די אָנגעוויזענע 7 טעג געהען אַלזאָ אריין פרייטאג און שבת, טעג אַזעלכע, ווען די עטאָט-צאָהלער'ס וועלען נישט האָבען די מעגליכקייט צו קאָנטראָלירען די פאר זיי געשטעלטע שטייערען. ס'איז א זעלבסט-פערשטענדליכע זאַך, אז שבת איז דער גמינע-לאָקאל געווען געשלאָסען און פרייטאָג איז ערב שבת, ווען דער גרעסטער טהייל פון די יודישע עטאט-צאָהלער'ס האָבען ווייניג צייט אויף אַזעלכע זאכען. פון דעם אָנגעוויזענעם טערמין געהען אַלזאָ ארויס פון רעכנונג 2 טעג, און אין אזא פאל בלייבען נישט מעהר ווי ברוחק 5 טעג פאָר עטליכע טויזענד עטאט-צאָהלער'ס אויף נאָכצוזעהען די רשימה פון זייערע שטייערען.

אונזערע „דעמאָקראטישע" פרנסים האָבען שוין נישט געקענט זיך פערגינען צו פערלענגערען דעם קאָנטראָל-פעריאָד אויף מעהר פון 7 טעג, און אפילו דעם 7-טאָגיגען טערמין צוגעשניטען אזוי, אז צוויי טעג זאָלען איוף א אונבעמערקבאָרען אופן אינגאנצען אויסגעפאלט ווערען פון חשבון.

פון די זעלבע בעקאנטמאכונגען אויף די שטאָדטישע פלויטען און פאַרקענס ווערט מען, אגב, געוואָהר, אַז דאָס אָפּשאצען די עטאט-צאָהלערס איז שוין א געשעהענער פאקט, וואָס יועגען דער שאצונגס-קאָמיטע ביי דער גמינע האָט מען אזוי ווייניג געהערט און כמעט ווי גאָ-נישט געוויסט. אלענפאלס האָט מען דערופן פיעל ווייניגער געהערט ווי יענעס יאָהר, ווען מ'האָט נאָרמירט דעם עטאט-שטייער. ציקאָפּטירענדיג פאָר-שטעהער פון פערשידענע אינסטיטוציעס אַלס שאצערס פון דער עטאט-סקלאַדקע פאר'ן פערפלאָסענעם יאָהר.

אויף אָנצוגעבענע רעקורסען גיעט די גמינע-פערוואלטונג צייט די עטאָט-בע'עולה'טע 8 טעג. און נישט חלילה מעהר א טאָג. בשעת די שטייער-אינסטאנצען פון די רעגירונג'ס-אָרגאנען גיבען אויף דעם צוועק א בעדייטענד גרעסערען טערמין. אפנים אז די גמינע פיהרט א זעהר „שפּאָרזאַמע" פּאָליטיק און צייט איז ביי איהר געלד...

ברייטער וועגען דעם ענין וועט ארומגערעדט ווערען אין קומענדיגען נומער.

---

## אין ראדאָם וועט אויפגעבויט ווערען א נייע פאָסט און טעלעפאָן-געביידע.

פון קאָמפּעטענטע קוועלען איז אונז געלונגען געוואויר צו ווערען וועגען דער נייער געביידע פאר דעם פּאָסט-אַמט פאָלגענדע פּרטים.

די געביידע וועט אויפגעבויט ווערען אויפ'ן רוג שעראָקא און פּלאַץ 3 ער מאי. דער פּלאן וואָס איז געווען זיינער צייט אָבגעשיקט צום מיניסטעריום פאר פּאָסט אַון טעלעפאָן איהם צו בעשטעטיגען, איז היינט צוריקגעשיקט געוואָרען צוליעב דעם פעהלען פון דעם נעהעריגען פאנד, ווייל די געביידע זעהט אויס צו זיין געבויט אויף אַן עכט עראָפּעאישען שטייגער.

די ארבייט וועט געפיהרט ווערען אין בעצוג צו די שוין-בעזיצטע פאָנדען. פאַרדאָס איז דאָס בויען א טעלעפאָן צענטראלע אנערקענט געוואָרען שוין יעצט פאר נויטיג.

די טעלעפאָן-צענטראלע וועט זיך געפינען ביים עק שעראָקא און פּלאַץ 3-ער מאי און וועט בעשטעהען א טייל פון דער גאנצער פּאָסט-געביידע.

די רעגירונג'ס אָרגאַנען האָבען בעשטימט, אַז דאָס בויען פון דער טעלעפאָן-צענטראלע זאָל זיך אָנפאַנגען נישט שפּעטער ווי דאָס יאָהר.

גרייסע פערדיענסטען אין דעם האָבען די לאָקאלע פּאָסט און טעלעפאָן-אָרגאַנען, וואָס האָבען אָהן אויפהער בעוואויגען דאָס מיניסטעריום צו בעטראכטען דעם פּראָיעקט פון א נייער טעלעפאָן-צענטראלע, ווי אויך צו ענדערען די טעלעפאָנישע איינריכטונגען אין אונזער שטאָדט, וואָס שטעהען נישט ביז יעצט אויף דער געהעריגער הויך.

אין צוזאמענהאַנג מיט'ן בויען א נייע טעלעפאָן-סטאציע וועלען אויך אין דער גאנצער שטאָדט איינגעפיהרט ווערען אַויטאָמאטישע טעלעפאָן-אַפּאראטען, אויך אונטערשטאָדטישע פערבינדונגען פון סיסטעם צ. ב.

---

## געריכטען, טריבונאָל, פּראָקוראָר.

### ארום דעם טומעל פון ראדאָמער רבנות-פּלאָנטער.

דער ענין פון ראדאָמער רבנות האָט שוין, ווי בעוויסט, אָנגעשפּאַרט אין די העכסטע מקומות פון די רעגירונגס אָרגאנען. אָנהויבענדיג זיינע עפענטליכע קאָנפליקטען אין אַ געוועהנליכען געריכט ביז'ן העכסטען טריבונאל, איז דער ענין לעצטענס אריבער אויפ'ן וועג, וואָס פיהרט צו דער פּראָקוראַטור.

די געשיכטע, ווי אזוי ס'איז איבערגעטראָגען געוואָרען דער רבנות-קאַמפּף אויפ'ן פארום פון שטראָף-קאָדעקסען, שטעלט זיך פאָר אזוי:

מיט א געוויסער צייט צוריק האָט ה' קעסטענבערג זיך געווענדעט בריפליך צו דער גמינע, אז ער איז זי חושד אין פערהאַפּען די בריעף, וועלכע זענען אַדרעסירט צו זיין פּערזאָהן. אָנווייזענדיג אויף א רייהע אזעלכע פערהאַלטענע בריעף, האָט ה קעסטענבערג אויפמערקזאָם געמאַכט די גמינע זאָל איהם די בריעף אומקעהרען, מחמת זיי האָבען פאר איהם אַ פולווערטיגען בעדייט.

די גמינע האָט די ווענדונג מצד ה' קעסטענבערג בעטראַכט אַלס א בלבול און דעם ענין איבערגעשיקט צום פּראָקוראָר, פאָדערענדיג צובעשטראָפען ה' קעסטענבערג פאר וואַרפען אַ קאָמפּראָמיטירענדען חשד אויף דער אָפיציעלער קהלה-רעפּרעזענטאַנץ.

אויף דער אָנקלאַגע צום פּראָקוראָר מצד דער גמינע האָט ה' קעסטענבערג אָבגעענטפערט מיט א געגען-אָנקלאגע. ה' קעסטענבערג טרעט יעצט ארויס צו דער פּראָקוראטור מיט א בעשולדיגונג געגען דער גמינע פאר פערהאלטען זיינע פּריוואט-קאָרעספּאָנדענץ, פון וועלכער עס פעהלט איהם בערך איבער 90 בריף, דערונטער א בריף פון מלוכה פּרעזידענט, ה' מ אָ ש ט ש י צ ק י.

אין די אָנגעגעבענע בעשולדיגונגס-מאָטיוען זאָל ה' קעסטענבערג אָנווייזען אויף פאָלגענדע דריי פאקטען: צו דער גמינע איז זיינער צייט אָנגעקומען א בריעף פון בענדינער רב ר' הערש העניך לעווין. (א שוואָגער פון געוועזענעם רבי'ן) דער בריף איז, לויט ה' קעסטענבערג'ס ערקלערונג, געווען בפירוש אדרעסירט צו איהם אין נאָך 20 טאָג, וואָס דער בריעף איז געלעגען אין גמינע האָט מען דעם בריעף ערשט איהם איבערגעגעבען. א צווייטען בריעף פון קריג'ס-מיניסטעריום, וועלכער זאָל האָבען אָנגעקומען אויף דער גמינע'ס אדרעס פאר קעסטענבערג'ן איז איהם אָבגעגעבען געוואָרען אויפגעריסענערהייט ערשט נאָך 5 טאָג נאָכ'ן דערהאַלטען.

מיט'ן בריעף פון הערר מלוכה פּרעזידענט איז די געשיכטע אזעלכע: נאָך דער אויסוואהל פון מלוכה-פּרעזידענט הערר מ אָ ש ט ש י צ ק י, האָט ה' קעסטענבערג אין צוזאמענהאַנג מיט'ן דאָזיגען היסטאָרישען טאָג, געשיקט דעם הערר פּרעזידענט א גראטולאָציע-טעלעגראמע, און נישט בעקומענדיג קיין ענטפער, האָט ה' קעסטענבערג אויף זיין רייזע אין וואַרשא אָבגעשטאט א וויזיט ביים שעף פון דער קאַנצעלאריע פון מלוכה-פּרעזידענט ה' צאר. פאר וועמען ער האָט אויסגעדרוקט זיין פערוואונדערונג, פאר וואָס ער האָט נישט ערהאַלטען קיין שום ענטפער אויף זיין בעגריסונג'ס-דעפּעשע. קאָנטראָלירענדיג אין די ביכער פון די איינגעפּלאָסענע און ארויסגעשיקטע בריעף, האָט ה' צאַר בעוויזען מיט דער הילף פון לויף-נומער, אז אויף דער בעגריסונג'ס-דעפּעשע האָט ה' קעסטענבערג ערהאַלטען א דאנק-בריעף.

ה' קעסטענבערג זאָל האָבען בייגעלעגט צו זיין אָנקלאגע צו דער פּראָקוראטור דעם דערמאָנטען לויף-נומער אַלס צייכען, וואָס זאָל שטיצען זיינע בעשולדיגונגען געגען דער גמינע.

ה' קעסטענבערג מאָהנט איבער 90 פערהאלטענע בריעף, חושד זייענדיג, אז די איניציאָטיווע זאָל שטאמען מצד דער גמינע.

ווי ס'איז אַלזאָ צו זעהן, איז אפשר נישט אויסגעשלאָסען, אז מיר זאָלען האָבען בקרוב א שפּאָנעל נייעם פּראָצעס צווישען דער גמינע מיט'ן ה' קעסטענבערג.

---

## קאָנצערט-אויפטריט פונ'ם יונגען בערימטען פידעל-קינסטלער שמעון באַקמאַן.

קומענדען זונטאג דעם 11 ה. ח. ווערט דורך דער געזעל. „אַזוקסיליום אקאדעמיקוס יודאיקום“ בשותפות מיט דעם היגען טורן און ספּאָרט-פעראיין „בר-כוכבא“ — איינגעאָרדענט א גראנדיעזער קאָנצערט. אויף וועלכען ס'וועט אויפטרעטען דער יונגער בעגאבטער און טאלאנטפולער פידעל-ווירטואָז ה' שמעון באַקמאַן. נישט קוקענדיג אויף דעם יונגען עלטער (ה' באַקמאַן איז בס"ה אלט 18 יאָהר) האָט ה' באַקמאַן בעוויזען אין פערלויף פון די צוויי יאָהר, וואָס ער שטודירט אויף דער מוזיק-אקאדעמיע אין וויען, זיך צו ערווערבען א געוואלדיגע פּאָפּולאריטעט און די סימפּאַטישסטע אנערקענונג'ס-געפיהלען ביי פיעל מבינים, מעלאָמאַנען און זאָגאַר פּראָפעסאָרען פון דער וויענער מוזיקאלישער וועלט.

ארויסטרעטענדיג אויף דער מוזיק-אקאדעמיע האָט דער ראדאָמער יונגער קינסטלער ביי זיינע ערשטע פּרובע לעקציעס פּשוט געצווינגען דורך זיין סובטילער עמפּפינדליכקייט און קינסטלערישע בעגאבונג, זיינע פּראָפעסאָרען צו שענקען איהם די גרעסטע מאָס אויפמערקזאמקייט. זיינע רבי'ס האָבען אין ערשטען מאָמענט תופס געווען, אז זיי האָבען אלענפאַלס פאר זיך נישט קיין דורכשניטליכען תלמיד, נור א שילער, וואָס האָט פאר זיך קינסטלערישע פּערספּעקטיווען. אַבזייענדיג א קורצע צייט אויף דער מוזיק-אקאדעמיע וואָס ה' באַקמאַן ביים איבערגעהן אין א העכערער קלאס אָבגעהאלטען א קאָנקורס-עקזאמען און פון צווישען 200 שילער איז ער דורך מיט דער גלענצענדסטער רעפּוטאציע. אונזער ראַדאָמער בן-ציר האָט נאָך אין זיין פריהערדיגער יוגענד ארויסגעוויזען בולט'ע סימנים פון פענאָמענאלע פעהיגקייטען אויפ'ן געביט פון וויאָלין-קונסט.

ה' באַקמאַן האָט דערווייל אין וויען שוין נישט איינמאָל אויפגעטרעטען פאר מוזיקאליש-אויטאָריטעטע אודיטאָריום'ס און ביי זיי ארייסגערופען בעגייסטערטע ענטציקונג. זיינע קינסטלערישע קאָנצערטען האָבען די לופט-פאליעס פון פונאנדערגעטראָגען מיט דער הילף פון ראַדיאָ כמעט אין אַלע טיילען וועלט.

דער היינטיגער קאָנצערט איז איינער פון די גינסטיגסטע געלעגענהייט פאר'ן ראַדאָמער יודישען פּובליקום צו בעקענען אָרטיגע קינסטלער פון דער אייגענער שטאָט, וואָס האָבען זיך ערוואָרבען א ריהמפולען נאָמען אויסער די לאקאלע גרעניצען פון אונזער שטאָדט.

דער פּראָגראם פון קאָנצערט איז א פערשידענארטיגער און א אינהאלטסרייכער, און פערדיענט באמת אויפ'ן צאָהלרייכסטען בעזוך פון היגען יודישען פּובליקום. אויפ'ן קאָנצערט נעמען אויך אנטייל די בעגאבטע פּיאניסטען רעניאָ דען און ה' מיראָן יאָפּע.

## פון דער ראדאָמער ספּאָרט-באַוועגונג.

„בר-כוכבא“ — „ראדאָמיאנקא“

0 : 2 (0 : 0)

שבת איז אויפ'ן ספּאָרט פעלד פון ר. ק. ס. (אלטער גאָרטען) פאָרגעקומען א מייסטערשאפטס-מעטש וועגען קלאס „ב“ צווישען די היגע ספּאָרט-קלובען בר-כוכבא און ראדאָמיאנקא, וועלכער האָט זיך געענדיגט מיט א נצחון פון בר-כוכבא 2 : 0.

בעת'ן גאנצען שפּילען פאר דער ערשטער הפסקה קאָנצענטרירט זיך דער קאמף ארום דעם טויר פון בר כוכבא און טראָץ די אלע דראָהענדע סיטואציעס קאָן ראדאָמיאנקא נישט בעוויזען צו מאכען אפילו איין גאָל.

נאָך דער הפסקה טראָגט זיך איבער די גאַנצע קאמפס ליניע ארום דעם טויער פון ראדאָמיאנקא און ארויס דער געלונגענע קאָמבינירטער טעכניק מאכט בר כוכבא אין משך פון מינוטען 2 גאָלען.

גלענצענד אויסגעצייכענט פאר בר-כוכבא האָבען זיך פאָרגענדע: בליכער, אדלער און פריידאס.

זעהר גוט איז געווען דער שיעדסריכטער ה' בוקאָווסקי.

„טשארני“ (ראדאָם) — „אָרקאן“ (וואַרשא)

1 : 5 (1 : 1)

א אינטערעסאנטער מייסטערשאפטס-מעטש וועגען קלאס „א“ איז פאָרגעקומען פערגאנגענעם זונטאג אויפ'ן קאמפּס-פּלאַץ פון 72-טען פ. פ. צווישען די היגע טשארני און ווארשאווער אָרקאן. דער מעטש, וועלכער האָט צוגעצויגען א גרויסען עולם צושויער איז געשפּילט געוואָרען מיט א שטארקע אמביציע פון ביידע צדדים און ביז דער פּויזע איז דער קאמף כמעט געווען א גלייכער 1 : 1 (רעמי).

נאָך דער פּויזע בעקומען די היגע א שטארקע איבערמאכט און מאכען נאָך 4 גאָלען, דאגעגען די ווארשאווער געסט האָבען נישט אויסגענוצט עטליכע גינסטיגע מאָמענטען און דער מעטש איז פערענדיגט געוואָרען מיט א פערדינטען נצחון פאר די היגע טשארני 5 געגען 1.

זונטאג איז אין פּשוטיק פאָרגעקומען א פריינדשאפּטס מעטש צווישען דעם דארטיגען „מכבי“ און דעם ראדאָמער פּאָליציישען ספּאָרט-קלוב און האָט זיך געענדיגט נאָך א שעהנעם שפּיעלען פון ביידע צדדים 3 געגען 2 לטובת די ראַדאָמער.

ש — ס.

## ספּאָרט צירק אין ראַדאָם.

פון היינטיגען מיטוואָך-אָן גאסטראָלירט אין ראַדאָם א גרויסער ספּאָרט-צירק, וואו ס'וועלען געוויזען ווערען פיעלע אינטערעסאנטע אטראַקציעס. אויסער דעם קומען פאָר אטלעטען-קאמפּפיין, אין וועלכע ס'בעטייליגען זיך גבורים פון פערשידענע מדינות, צווישען זיי געפינט זיך א יודישער אטלעט פון עסטאָניע, חיים וויטביער. דער יודישער אטלעט בעזיצט א פענאָמענאלען כח צו בעזיגען זיינע פּארטנערען. דער יודישער גבור האָט שוין בעקומען פיל פּריזען, אויף דעם געביעט, פון פערשידענע שטעדט.

דער צירק איז געקומען מיט אַן אייגענעם צוג. די הילונג פון צירק איז א נייע און לאָזט נישט דורך קיין שום פייכטקייט.

דער צירק, איבערהויפּט די אטלעטען קאמפּפען האָבען דאָ איבעראל ארויסגערופען א גרויס פּעראינטערעסונג.

## פּערזענליכעס.

פאַריגע וואָך האָט נאָך א לענגערע אַבוועזענהייט זיך אומגעקעהרט קיין ראדאָם דער בּעקאַנטער יודישער דאָקטאָר באָמראָק, וועלכע נעמט אָן ווי פריהער קראַנקע אין די בעשטימטע שעה'ן.

## צוגעשיקטע מעלדונגען.

די דירעקציע פון גימנאזיום „פּשיאטשעל וויעדזי“ (מיט רעגירונגס-רעכט) איז גרייט אויפ'ן פערלאַנג פון א טהייל עלטערען צו עפענען א פּרעבעל קלאס אויף א העכערע מדרגה, ביי א געהעריגע צאָהל קינדער.

מעלדען קען מען זיך אין די קאנצעלאריע פון דער גימנאזיום אין די אמט-שעה'ען.

דער טערמין פון עפענען די עווענטועלע פּרעבעל-קלאַס קאָן אויספאַלען דעם 15 וושעשען.

די דירעקציע מאכט גלייכצייטיג בעקאנט, אז לויט די פעראָרדנונג פון שול-קוראטאָריום פון 11 מאי 1926 אָקולניק № 101 קאָנען די שילער, וואָס בלייבען אין קלאס דאָס צווייטע יאָהר, ניט בּאַגנומען ווערן אין א אַנדערע שולע אויף א העכערע קלאס

דירעקציע.

די צייטווייליגע פּערוואַלטונג פון דער נייער ארגאניזירטער פּארטיי אין אונזער שטאָדט א. נ. „דער יודישער בירגער פעראיין אין ראַדאָם“ האָט די טעג ערהאלטען דעם סטאַטוט בעשטעטיגט פון ה' וואָיעוואָדא אין קעלץ. און עס איז בעשטימט געוואָרען אין די נאָהענסטע צייט צונויפצורופען א אלגעמיינע פערזאמלונג אויסצוועהלען א פערוואלטונג, אויבער-ראַט און א שיעדס'ס געריכט פאר די דאָזיגע אָרגאניזאציע.

אין דעם ברייטען פּראָגראַם פון סטאַטוט, ווערט אויך דערמאָנט, אז די געזעלשאַפט וועט רעפּרעזענטירען דאָס געזעלשאפטליכע פּאָליטישע און עקאָנאָמישע לעבען פון זיינע מיטגלידער. דאָס הייסט אז די אָרגאניזאציע וועט שטרעבען, אז איהרע פאָרשטעהער זאָלען זיך בעטייליגען אין אלע רעגירונג'ס, קאָמונאלע און קהלה שטייער-אמטען, כדי אבט צו טוהן אויף די ערליכע מעסטונג פון איהרע מיטגליעדער — דאָס וועט געוויס האָבען א גרויסע בעדייטונג אין יעצטיגען מאָמענט צו נאָמירען די פערמעסטונג ביי די אלע פערשידענע שטייערן.

די אָרגאניזאציע שטעלט זיך אויך די אויפגאַבע זיך צו פערנעמען מיט דעם שול-וועזען, צו האָבען אויף דעם געביעט אויפזיכט, וואָס איז אין אונזער שטאָדט ביז יעצט ווייניג אויפגעטוהן געוואָרען. בכלל וועט זיך רעקרוטירען אין דער דאָזיגער געזעלשאפט די ברייטע מאסען פון דער יודישער בעפעלקערונג, וועלכע זענען ביז יעצט געשטאנען מחוץ יעדער פּאָליטיק און האָבען זיך בעציגען פּאַסיוו צו די ביז יעצטיגע פּאָליטישע אָרגאניזאציעס. עס וועט אויך קיין שטערונג נישט זיין פאר די, וואָס געהערען צו וועלכע עס איז פּארטיי, חייל דער סטאַטוט מאכט קיין בעגרענעצונגען פאר די ווערבירונג פון מיטגלידער. דער מיטגליד-אָבצאָהל איז 1 זלאָט א מאָנאט.

די צייטווייליגע פּערוואַלטונג.

## פאר וואָהלטהעטיגע צוועקען.

דער ה' ה. גוטשטאדט (לובלינער 30) האָט צו דער האָכצייט פון זיין טאָכטער מנדב געווען 30 זל. פיר פאָלגענדע אינסטיטוציעס: בית יתומים — 10 זל., תלמוד תורה — 10 זל., וועכנערין פעראיין — 5 זל. און פאר דער ישיבה — 5 זל. דאָס געלד קאָן מען איינקאסירען ביים ה' גוטשטאדט געגען פארשטעלען די נויטיגע בעפאָלמעכטיגונגען.

# קעלצער אבטיילונג.

צבי מאשקאוויטש.

## צום נייעם שול-יאהר.

מיר שטעהען אויף דער שוועל פון א נייעם שול-יאהר. ווידער דארפען זיך די יודישע עלטערן בעפרייען פון זייערע אלטעגליכע דאגות און א געוויסע צייט ווידמען זייערע קינדער, פערטראכטען זיך איבער דער צוקונפט פון דעם יונגען דור ער זאל בעקומען אן ערציהונג, וואס זאל זיין צוגעפאסט צו זיינע בעגריפען, וואס זאל איהם געבען אלעס, וואס איז נויטיג איהם אלס מענש און גלייכצייטיג נישט אוועקנעהמען דאס ריין-יודישע, די זאכען, וואס דערמאנען איהם אויף יעדען שריט און טריט וועגען זיין נאציאנאלער אבשטאמונג און גיבען איהם דאס רעכט זיך רופען אלס ווירדיגער און בעוואוסטזיניגער מיטגליעד פון זיין פאלק.

עס איז פאר אלעמען בעקאנט, אז אזא געלונגענער סינטעז פון וועלטליכע און יודישע למודים איז געשאפען געווארען דורך די יודישע מיטעל-שולען, צו וועלכע עס געהערט אייך דאס היגע יודישע מענער-גימנאזיום, וואו די שילער בעקומען אן אלזייטיגע בילדונג לויט דעם פראגראם פון די מלוכה-שולען און גלייכצייטיג ווערט זיי געגעבען אין א גרויסער מאסשטאב די יודישע למודים.

דאס יודישע גימנאזיום האט אבער ביז יעצט טראץ זיינע אלע מעלות נישט קיין פעסטען באזיס. די סיבות זענען פערשידענע. פון איין זייט האבען מיר נאך נישט בעוויזען אויסצוקעמפען שטיצע פון דער רעגירונג און פון דער שטאדט-מאכט, אויבוואהל אזא שטיצע קומט אונז און עס איז זיך נישט פארצושטעלען די עקזיסטענץ פון א לעהר-אנשטאלט אהן א שטענדיגע רעגירונגס-שטיצע. פון דער אנדערער זייט האבען נאך די יודישע עלטערן אין קעלץ נישט פערשטאנען די וויכטיגקייט און נויטווענדיגקייט פון אזא נאציאנאל-קולטורעלען צענטער און האבען ביז יעצט נישט ארויסגעוויזען זייער אינטערעס און מיטהילף דעם בנין צו דערהאלטען.

אבער טראץ דער גלייכגילטיגער בעציהונג פון דער יודישער געזעלשאפט אין קעלץ צום יודישען גימנאזיום האט אבער די פערוואלטונג בעוויזען אלע קריזיסען אויסצומיידען און דאס גימנאזיום אויפצושטעלען אויף א הויכען פעדאגאגישען ניוא.

די איינציגע וואנד פון גלייכגילטיגקייט פון דער קעלצער יודישער בעפעלקערונג מוז אבער געבראכען ווערען!

יעדער יודישער פאטער דארף שוין פערשטעהן, אז דאס יודישע גימנאזיום איז דער איינציגער ערציהערישער אנשטאלט, וואו ער דארף זיין זוהן אוועקגעבען אויב ער וויל נישט דאס זיין קינד זאל גלייכצייטיג מיטן ערווארבען זיך א וועלטליכע בילדונג פערגעסען אהן דעם אלעם, וואס בינדט איהם מיט זיין פאלק.

די יודישע מיטעל-שול איז די איינציגע פעסטונג, וועלכער היט אב אונזער יוגענד פון אסימילאציע און דארף דעריבער מאטעריעליש און מאראליש געשטיצט ווערען דורך יעדען יוד, וואס גיעט זיך אב א דין-וחשבון פון דער אסימילאציע-סכנה פאר דעם יונגען יודישען דור און וויל צו איהר נישט דערלאזען.

צום נייעם שול-יאהר דארף די קעלצער יודישער בעפעלקערונג ארויסווייזען איהר פערשטענדניש און אינטערעס פאר דעם איינציגען מרכז רוחני אין אונזער שטאדט.



## א גרויסער שחיטה-סקאנדאל.

III.

ווען מען קוקט זיך נעהנטער צו, צו דעם הינטער-קוליסען שפיעל פונ'ם שחיטה-סקאנדאל אין אונזער שטאדט, שטעלט זיך אונז פאר די אויגען פאר א שרעקליך בילד און עס ווייזט זיך בולט ארויס צו וואס פאר א מצב עס האבען דערפירט דאס כשרות פון פלייש צוליב אונבעגרינדעטע און נארישע פארטיי-אמביציעס, כאקי נור די מענשען, וואס פרעסענדירען און ווילען האבען די אויטשליסליכע פערוואלטונג פון אלע רעליגיעזע ענינים.

עס מאכט דעם איינדרוק, אז יעצט עס האנדעלט זיך להכעיס צוטהון א געגנערישע פארטיי זענען אט די מענשען גרייט מותר צו זיין אויף אלץ, אפילו צו לאזען דאס קינד האלבירען אויף צוויי טיילען אבי מיר נישט — דיר נישט. און עס געהט נישט דורך א וואך עס זאל נישט, יעדעס מאל אין א אנדער ארט, אויסברעכען א נייער טרפה-סקאנדאל.

יעדען שבת זענען די מתפללים פון די שוהל עדות, ווי דער שמש רופט אויס נאך קריאת-התורה אין נאמען פונ'ם ראבינאט, אז מען האט געטראפען דעם, אדער יענעם קצב פערקויפען טרפה פלייש. אלס כשר. מען קאן זיך לייכט פארשטעלען דעם צער און חרפה, וואס נישט איינער טראגט איבער ווען א היים-קימענדיג פון שוהל, ווערט ער געוואהר ביי זיין ווייב, אז זי האט טאקי געקויפט דאס פלייש ביי דעם זעלבען קצב, וואס מען האט אין שוהל אויסגערופען פאר טרפה. עס הויבט זיך אן א לויפען צום רב און שאלות איבער די כלים. אבער ביי פיעל פונ'ם המון האט מען מיט די שוין דערמאנטע געגען-אויפרופען אריינגעפיהרט א דעזאריענטאציע און פערשטעהען צוליב דעם שלעכט און וואס עס האנדעלט זיך. און די מאסע האט עס אויפגענומען, אז עס געהט דא נור אין „אנדערע זאכען", דאס הייסט. אז אויב דער שוחט, אדער יענער קצב וועט נור געבען דער גמינע אדער רב „די פאר גראשען" וועט שוין אלץ ממילא זיין אלץ כשר... און דעריבער בעמערקט זיך לעצטענס יעדעס מאהל, נאכדעם ווי מען איז מכריז ומודיע אין שוהל, אז עס איז ענטדעקט געווארען א נייער טרפה-סקאנדאל און אלע וואס האבען געקויפט פלייש אין דער אנגעוויזענער יאטקע זאלען באלד קימען פרעגען „שאלות" צום רב איבער די כלים און דאס פלייש איז טרפה, קימען דאך גאנץ זעלטען ווער פרעגען צום רב. גלייך ווי דער קצב וואלט גארנישט געהאט פערקויפט קיין שום יוד נישט כשר פלייש...

דעם שבת, ווען מען האט מודיע געווען אין שוהל איבער א פאל ווי א קצב האט אליין גע'שחט'ען, איז דער קצב אויפגעשפרונגען און זיך געוואלט ווארפען אויף די גבאים און נור א דאנק דער געשיקטער אינטערווענץ פון איינעם פון די מתפללים איז פערהיטען געווארען פון א סקאנדאל. דאס כאראקטעריסטע פון דעם שבת'דיגען פארפאל איז אבער געוועזען, וואס עס האט זיך באלד אויפ'ן ארט געשאפען „א צד" פאר'ן קצב, וואס האט פערשטאנען אז ער איז גאט די נשמה שולדיג. אז היינט „מאכט מען" נעביך דעם קצב טרפה, מארגען א צווייטען און אזוי וועט עס געהן ווייטער... א צווייטער האט געגעבען צו פערשטעהן זיין חבר: קום א היים, מיש זיך נישט אריין אין קהל'שע זאכען. די גמינע, רב און קצב וועלען זיך שוין אויסגלייכען, נישט דיין עסק...

זעט. אזעלכע צייט'ן האבען שוין ארויסגעשטאגען אויפ'ן קראנקען קערפער פון דער ווירטשאפט אין שחיטה-וועזען און די פאלגען פון ערשטען פריצת הגדר.

די הערען וואס האבען פערכאפט און זיך בעשטימט אלס פראטעקטאראט איבער די רעליגיעזע ענינים ווילען אפילו נישט נעהמען אין אכט די אלע בערעכטיגע און בעגרינדעטע טענות איבער די אונארדנונגען, וואס הערשען אין דער כשרות-פראגע און פרובען יעדעס מאהל מדחה צו זיין מיט נארישע תרוצים: מיר וועלען שוין די זאך ערלעדיגען...

ניין, דאס איז זיכער פון זייער זייט א גרויסער טעות. די מאסע וועט זיך נישט לאזען ארומפיהרען ווי א עולם-גולם און מיט קיין שה"י פה"י-תירוצים וועט נישט געלונגען צו צודעקען דעם גרויסען הויפען טרפה-סקאנדאלען. וואס האט זיך אנגעזאמעלט זייט דעם פריצת הגדר און אונטערגראבען דעם אויטאריטעט פונ'ם ראבינאט. און אויב א יוד בעצאהלט פאר א פונט כשר-פלייש איין זלאטע מיט 10 גראשען אין דער זעלבער צייט, ווען טרפה קאסט פיעל ביליגער, האט ער שוין דערמיט אליין דאס רעכט, שוין נישט רעדענדיג וואס פון ריין רעליגיעזע טעמים דיענט איהם דאס רעכט, צו קאנטראלירען, אויב דאס פלייש איז באמת כשר, אדער עס ווערט נור בלויז פערקויפט פאר כשר און דער קצב בעגניגענט זיך דערמיט. וואס ער נעמט צו דעם יוד פאר „כשר"-גראשענט... און עס איז נישט דא קיין שום סבה צו בעליידיגען זיך פון אזא מין נאכקאנטראלירען, פונקט ווי דער קונה בעליידיגט זיך נישט אויב דער קצב צעהלט איבער און זעהט דורך אויב דאס געלד וואס דער קונה בעצאהלט פאר'ן פלייש איז נישט פאלש...

מיר וועלען זיך נאך אומקעהרען צום עיקר הענין און נאך ארויספרעקען נישט איין עולה פון הינטער די קוליסען. אבער דער חוב איז אויפצוקלערען די מאסע, אז זיי זאלען פערשטעהן. אז עס האנדעלט זיך נישט אין קיין פרא-

גע פון געלד-אבצאהל. אדער וועלכע עס איז אנדערע אינערליכע סבה, נור אויב דער ראבינאט אסר'ט וועלכעס עז איז פלייש, איז עס טרפה, ווייל אדער עס איז דורכ'ן קצב אליין גע-שחט'ען געווארען, אדער ער פערקויפט פשוט כרפה פלייש פאר כשר'ס. כדי צו נעהמען דעם פרייז, וואס עס צאהלט זיך פאר כשר פלייש. דאס מוז דאס ערשטע צוריקגעשטעלט ווערען ביים עולם און איינפיהרען די אויטא-ריטעט און מחזיר עטרה ליושנה זיין!



# די זיצונג פונ'ם קהלה-ראט.

מאנטאג 4 ד. ח.

אויפ'ן טאג-ארדנונג שטעהט די פרא-גע פונ'ם בודושעט פאר'ן יאהר 1927. באלד אויפ'ן אנהויב פון דער זיצונג טראגט ה' יודל גוטמאן אריין א שאר-פען פראטעסט געגען דער פעשלעפונגס-טאקטיק פון קה"ה-ראט, וועלכער דער-מאנט זיך אזש דעם 4 וואשעשען אנצו-הויבען בעטראכטען דעם היי-יעהריגען בודזעט פון דער קהלה, פערהאלטענדיג דאס אויסצאהלען די אימע סובסידיעס האט מען דעם בודושעט איועקגעפיהרט אויף קור קיין קארלסבאד...

דער פראטעסט האט געקלינגען ווי א בעשולדיגונג'ס-אקט אויפ'ן אדרעס פון פארזיצער פונ'ם ראט און מען איז אבער גלייך צוגעטרעטען בעטראכטען דעם פונקט פון די ראבינאט-פענסיעס.

עס רעפערירט דער יעצטיגער פארזי-צער פון קהלה-פערוואלטונג, ה' וואלף קלוסקא. ה' משה דוד אייזענבערג טראגט אריין א פארשלאג, אז מען זאל העכערען די פענסיעס פונ'ם ראבינאט אין דער פארם, אז דער רב זאל בעקו-מען 1000 זלאטעס א חודש און מורה-הוראה'ס זאלען בעקומען אויסגעצאהלט לויט דער אנגענומענער טקאלא, אז ביידע מורה הוראה פענסיעס בעטרעפען געגנוי די פענסיע פונ'ם רב, דערביי בעקומט דער מורה הוראה ר' הירשל גרינשפאן בערך $40^{0}/_{0}$ און ר' אלטער הארבערג $60^{0}/_{0}$. געגען דעם טרעט ארויס ה' אברהם בער אייזענבערג וועלכער ווייזט אן, אז דער בודזעט פון דער גמינע דארף יעצט נישט גע-ענדערט ווערען און איהם בשום אופן נישט בעלאסטען מיט שווערערע גמינע שטייערען.

ה' בנימין לעוו (אגודה) איז פאר הויכערען דער פענסיע די מורה הוראה'ס... אויב איינע פערשטעה'ן, אז דער רב האט נישט צו פיעל 750 זל. א חודש, ווי אזוי קאן די גמינע גלייך זיך צוקוקען, ווען א מורה הוראה בע-קומט 441 זל. און א צווייטער נור 209 זל. האבענדיג צו עטליכע קינדער.

[illegible] אב א. ד. איי-זענבערג ווערטער ווינדערט זיך און קען נישט פערשטעהן דאס צו ייריי גע שפיעלען פון ה' לעוו. פון איין זייט פאדערט, פאר דער גאס דער ה' לעוו א קליינעם בודזעט און צו פערקלענע-רען דעם עטאט, פון דער צווייטער זייט וויל ער גלייך פערגרעסערען דעם בו-דזעט מיט זעקס-טויזענד זל. וואס וועט אבער ציהען מיט זיך דאס העכערן דעם געהאלט פון אלע איבריגע אנגעשטעלטע. און דאס וועט בעטרעפען שוין אריבער 18.000 זל. איבריגענס פרעגט ה' אייזענבערג אויב לעוו מיינט אמת, פאר-וואס איז ער געגען דער העכערונג די פענסיעס פון די נאמנים, וואס יעדער איינער פון זיי איז א גרויסער ארימאן און א מטופל מיט קינדער און זייערע פענסיעס דערגרייכען קוים 160 זל. א חודש?

ה' סטראוווצינסקי זעהט אין ה' לעוו'ס אויספיהרונגען א חוץ אנדערע כוונות א פרוב אבצישאפען די „סקאלע", און דעריבער רעדט ה' לעוו וועגען די קלי-דער פון די ראבינאט'ס מיטגלידער. אבער די גמינע בעשטימט נישט קיין פענסיע לויט די צאהל קינדער, נור לויט דער ראנגע.

דאס ווארט בעקומט דער מ"ץ האר-בערג צו פערטיידיגען זיין פאדערונג. ער ערקלערט, אז ער בעט בכלל נישט פאר זיך, נור פאר זיינע קינדער, וועל-כע געהען שלאפען אהן קאלאציע. ער פערגלייכט זיין לאגע צו א מערטירער, וואס טראגט זיין שווערע לאגע און ערפיל'ט זיינע התחייבות'ן בשלמות אין הונגער.

באלד טרעטען ארויס די צוויי פרנסים, וואס זענען געזעהלט געווארען פון דער ליסטע, וואס דער זעלבער מ"ץ האט זייער צייט ארויסגעשטעלט און אפילו אליין פיגורירט אויפ'ן ער-שטען ארט — און האבען אונטערגע-שטיצט א"ע פאדערונג פון דערמאנטען מ"ץ. עס איז אריינגעטראגען געווארען א פארשלאג צוהויכע'ן די פענסיע פונ'ם מ"ץ הארבערג אויף 500 זל. א חודש און לויט דער „סקאלא" וועט אויטאמאטיש געהעכערט ווערען די פענסיעס פונ'ם רב און צווייטען מ"ץ. נאכדעם ווי עס איז אין פרעזידיום ער-האלטען געווארען אנדערע צוויי פאר-שלאגען איז מען צוגעטרעטען צום אבשטימען און דער ערשטער איז מיט א גרויסע מעהרהייט אנגענומען גע-ווארען.

ווען עס איז בעקאנט געווארען דער רעזולטאט פון דער אבשטימונג, האט דער פארזיצער פון קהלה פערוואלטונג ה' קלוסקא אבגעגעבען א ערקלערונג דאס אזוי ווי איינינע מיטגלידער פונ'ם ראט פיהרען א צוויי-פנים'דיג שפיעל, פון איין זייט שרייען זיי, אז מען קאן נישט צופיל בעלאסטען די צאהלער מיט הויכע שטייערן און מען זארגט צו שאפען אין דער גאס דעם איינ-דרוק, אז די פערוואלטונג איז שולדיג אין די ארויפגעלעגטע צו-הויכע גמי-נע-שטייערן, פון דער צווייטער זייט. ווערען די סומען פון די אויסגאבען געהעכערט דורך דעם ראט. חאטש די פערוואלטונג האט דעם בודזשעט גוט אדורכשטודירט און איז ביי זיין צו זאמענשטעלען געקומען צו דער איי-בערצייגונג, אז אלע סומען, דארונטער די פרעלימינירטע פענסיעס, זענען און דארכען אנערקענט צו ווערען אלס ריכטיגע, פערגרעסערט דאך דער ראט, וואס איז זיך צוזאמענגעקומען קוים אויף עטליכע שעה, די אויסגאבען וואס וועלען צווינגען צו העכערען דעם עטאט, דעריבער וועט די פערוואלטונג נישט ענדערן דעם שוין צוזאמענגע-שטעלטען עטאט פונ'ם עטאט אין א וועלכע עס איז העכערונג קען געשעהן נור מיט'ן אנטייל פונ'ם ראט, וועלכע וועט מוזען זיין דערפאר פעראנטווארט-ליך.

מען טרעט צו בעהאנדלען די פרא-גע וועגען פענסיעס פאר די שוחטים.

(פארטזעצונג קומט.)

## נאמינירט א וואיעוואדא אין קעלץ

די טעג האט דער מלוכה פרעזידענט אונטערגעשריבען די נאמינאציע פון ה' סטאניסלאוו קארסאק אלס וואיעוואדא אין קעלץ.

ה' קארסאק. וועלכער איז ביז יעצט געוועזען וואיעוואדא אין סטאניסלאוו איז האט געוויילט עטליכע טעג אין ווארשא פון וואן ער קובע אין קיינעם גאך קעלץ איבערצונעהמען זיין הויכען אמט.

## הויפט-וואהל-קאמיסיע.

אין צוזאמענהאנג מיט שטאדט ראט-וואהלען, וואס דארפען אין קורצען פארקומען אין אונזער שטאדט, זאל די טעג שוין געשאפען ווערען א הויפט-וואהל-קאמיסיע אונטער'ן פארזיץ פון א ריכטער פון היגען קרייז געריכט. וואס וועט בעשטעטיגען דעם טאג פון די וואהלען.

## א שרפה.

מאנטאג 10 אזייגער פארמיטאג איז די שייערס מיט תבואה וואס געפונען זיך אויף די פיאסקעס אויסגעבראכען א שרפה.

ווען די פייערלעשער זענען אנגעקו-מען איז שוין די סטאדאלע געווען ארומגענומען מיט פלאמען. נאך א לענ-גערע ארבייט איז געלונגען דאס פייער צו לאקאליזירען אזוי, אז עס איז נישט מעהר פערברענט געווארען ווי איין הילצערנע געביידע.

## פונ'ם אויפגעלעזטען שטאדט-ראט

די זיצונג פון שטאדט-ראט, וואס איז געווען בעשטימט אויף דעם ניטען דעם חודש, איז צוליב דעם אויפלעזען פון שטאדט-ראט דורכ'ן אינערן-מיניס-טעריום אבגערופען געווארען.

## דאס יודישע מענער-גימנאזיום

צוליב די התחלה פונ'ם נייעם שול-יאהר אין יודישען מענער-גימנאזיום, איז זונטאג דעם 4 ה. ח. פארגעקומען אין דער שטאטישער שוהל א פייער-ליכער גאטעס-דיענסט, אין וועלכער עס האבען אנטיילגענומען אויסער אלע שי-לער אין גאנצען לעהרער-פערסאנאל אויך די עלטערען. פיעל סימפאטיקער און שוהל-מתפללים.

## פערזענליכעס.

דער בעקאנטער אויגען-דאקטאר ה' י. לעווין, אסיסטענט פון ד"ר ענדעל-מאן אין ווארשא אויף טשיסטע, האט זיך פון ביינעצינער גאס אריבערגע-צויגען אין א נייער וואהנונג אויף שענקעוויטשא 36.



בעסטע שיפס קאמוניקאציע צווישען פוילען און קאנאדע
„באלטיק-אמעריקא-ליין"
עמיגראציע — ענינים ערלעדיגט
ביורא „ י ו ס "
קעלץ, קילינסקי גאס 8 №



CZEKOLADA G.G.LARDELLI UCZY, JAKA BYĆ POWINNA CZEKOLADA





Z intencji zaślubin siostry mojej
STEFCI BERGER z p. W. SZTRYPLER
w Palestynie
życzą by promienne blaski słońca olśniewały ich życie złotą aureolą
i wiele pociechy rodzicom życzą
siostra **BALBINA** i rodzina **STRAUSMAN**


## נייעס! — נייעס!

אז שילער און שילערינס פון רעגירונגס-פאָלקס-שולען און מיטעל-שולען זאָלען ערצויגען ווערען אינ'ם גייסט פון תורה, נביאים, העבּרעאישע שפּראַך, ליטעראטור, געשיכטע א. ז. וו. כדי מיט דעם זיי ציצוגעבען צו דער גאָלדענער קייט פון אונזער הערליכער היסטאָרישער פערגאַנגענהייט און אזוי נאָך נישט פערפרעמדט ווערען פון דער יודישער נאַציאָנאַלער אָבשטאמונג. און אום צו ערמעגליכען יעדען פאָטער און מוטער, אז זייערע קינדער זאָלען געניסען פאר זעהר צוגענגליכע פרייזען פון די אויבענדערמאָנטע נויטווענדיגע למודים. אהן וועלכע קיין שום יודיש קינד קאָן זיך נישט בעגעהן, עפען איך קורסען **העבּרעאיש** פאר אָנפאַנגער און אָנפאַנגערינס, ווי אויך פערפאָלקאָמונגס-קורסען.

די קורסען וועלען איינגעאָרדענט ווערען לויט בעזונדערע גרופּעס איינגעטיילט, אין צופּאסענדיג זיך לויט'ן קענטניס פון יעדען שילער און שילערין. אויף די קורסען וועלען געשאפען ווערען גרופּעס ספּעציעל פאר קינדער פון זעקס יאָהר אָן, וועלכע קענען נישט לעזען און שרייבען. אויס'ן פערלאַנג פון די יעניגע עלטערען, וועלכע ווילען, אַז זייערע קינדער זאָלען אויך קאָנען יודיש שרייבען וועט ווערען פאר זיי, חוץ די העבּרעאישע למודים, אויך אונטעררכטעט ספּעציעל די יודישע שפּראַך.

אויף די **פערפאָלקאָמונגס-קורסען** וועט אויך ווערען געלערענט **תלמוד, אגדות ישראל** אין אנדערע וויכטיגע יודישע למודים.

צוליב טעכנישע סבּות פאנגען זיך אָן די קורסען דעם 23-טען פאזשדזשערניק. איינשרייבען קאָן מען זיך טאָג-טעגליך פון 6—8 אָוונד אין די קאַנצעלאַריע פון די קורסען **וויטאָלדא 11**.

**אנמערקונג:** פאר די שילער און שילערינס, וועלכע לערנען זיך אין די נאָך מיטאָג שעה'ען אין די שולען, וועלען זיין פאר זיי טעטיג די קורסען אין דער פריה.

**ל. מילמאן.**


נור אויף א קורצע צייט
אין ראדאָם!

גרויסער
# ספּאָרט-צירק
# „קאָלאָסעאום"

אויפ'ן פּלאץ ליבּלינער 42 (ריג מאָניושקי)
טעגליך 8 אָוונד

## גרויסע גאַלע - פאָרשטעלונגען

הערליך ארטיסטישען פראָגראם 15 ערשטקלאסיגע נומערן אויסער דעם א גרויסער אונטערנאציאָנאלער טורנעע פון

## אטלעטישע קאַמפּפען

צום טורנעע האָבּען זיך געמעלדעט א גרויסע צאָהל בעריהמטע אטלעטען פון פערשידענע לענדער דערינטער אויך דער בעריהמטער טרענירער פון יודישען ספּאָרט-קלוב „מכבי" אין רעזשעל

**חיים וויטמייער**

טעגליך קעמפען לויט א גורל 4 פּאָר אטלעטען
איינצעלהייטן אין די אפישן אין פּראָגראמען
פּרייזען פון 1 — 5 זל.



## לשמוע אל הרינה ואל התפילה

אין דעם פּראכטפולען לאָקאל פון די שולע אויף **ספּאָרנא 7** (וויטאָלדא) אָרדענט איין די חבורה **„כנסת ישראל"** אונטער דער אָנפיהרונג פון ה' מ. **קאָטליאר**, אזו ווי אַלע יאָהר א דאַוּנען אויף די **ימים נוראים** מיט זעהר א **שיינעם כאָר** אונטער די לייטונג פון די ה"ה **יעקב העכטמאַן** און **איסר ליפשיץ**.

די פּלעצער זענען איינגעריכטעט מיט די בעסטע בעקוועמליכקייטען. מיר פערהאָפען, דאָס די בענאכריכטיגונג וועט געפונען די גרעסטע אויפמערקזאמקייט און צוטרוי.

דינגען פּלעצער קאָן מען יעדען טאָג אין שולע פון 9 פריה ביז 6 נאָך מיטאָג.

מיט אכטונג **„כנסת ישראל"**



*Elektrownia Radomska*
urządza w gmachu teatru **„ROZMAITOŚCI"**
w czasie od 3-go do 13-go listopada b. r.

## WYSTAWĘ ELEKTRYCZNĄ

Zgłoszenie firm miejscowych pragnących wziąć udział w Wystawie umeblowanie gabinetu, salonu, jadalni, sypialni i kuchni pościel firanki, portjery, obrazy i wogóle urządzenie domowe.
przyjmuje Z. GARCZYŃSKI w firmie J. Miecznikowski, Lubelska 13, telefon 125. do dnia 20-go września r. b.



BROWAR PAROWY
# J. SASKI
**w Radomiu**
poleca piwo
# „EL".



Kino **„CORSO"** w Radomiu.

פון היינט דעם 9-טען ה. ח.
דאָס בעריהמטע פּוילישע בילד

## O CZEM SIĘ NIE MÓWI

פון דער בערימטע גאָלדענע סעריע
מיט'ן אנטייל פון די בעריהמטע פּוילישע ארטיסטען
**SMOSARSKA** און **STĘPOWSKI**
און פיעל אַנדערע. — יעדער בעדארף קומען זעהן דאָס בילד.



## צו דער אויפמערקזאמקייט פון אונזער ג' קונדשאפט!

צוליב דעם. וואָס אין פערקויף האָט זיך בעוויזען **נאָכגעמאכטער „פּאָטאָקאָל"** געפּאקט אין א ענלעכער פּאקונג ווי דער אמת'ער, מאכען מיר אויפמערקזאם די ג' קונדשאפט, אַז ביים קויפען די פלאנצען-פוטער „פּאָטאָקאָל" דארף געלייגט ווערען אַכט אויף דער אויפשריפט

# „POTOKOL"

ווי אויך אויפ'ן הכשר פונ'ם **הרה"ג צבי חנוך הכהן שליט"א לעווין אבד"ק בענדין.**

מיט אכטונג
Sp. Akc. Fabryki olejów
i tłuszczów roślinnych
„J. D. **POTOKA** S-wie"
BĘDZIN - MAŁOBĄDZ.

